דער באַפּרייטער — — — — — — אַפּערעטע אין איין אַקט
ווערטער — — — — — — — — — ז. וויינפּער
מוזיק — — — — — — — — — נ. זאַסלאַווסקי
צייכענונגען — — — — — — — — יאָסל קאָטלער
הילע געצייכנט — — — — — — — אהרן גודלמאַן

אַלע רעכט פאַרבעהאַלטן



אַרויסגעגעבן מיט דער הילף פון דעם פרויען קלוב
„פון די קליינע קינדערס וועגן“
בײַ דעם
שלום-עליכם פאָלק אינסטיטוט, ניו יאָרק.

געזעצט און געדרוקט
אין דער
גשוואַנט דרוקעריי
138 איסט 2-טע גאַס
ניו-יאָרק

# דער באפרייטער

אָפּערעטע אין איין אַקט



ז. וויינפער



אַרויסגעגעבן פון

פאַרלאַג „מתנות“

ניו יאָרק, 1925.

# דער באַפרייטער

(אַ גרויס און ליכטיק שפּיל־צימער פון אַ קינדער־שול. ווענט פון העלן קאָליר. אויסער לאַנגע בענק באַ די זייטן און אַ פּיאַנע פון אויבנאָן איז גאָרניט פאַראַן אין צימער. דורך אַ גרויסן פענסטער אין הינטערגרונט זעט זיך אַ פאַלנדיקער שניי.

**ערשטער אינגל:**

אומגעפאַלן!

**צווייטער אינגל:**

יאַ, אומגעפאַלן!

**אַ מיידל:**

סע טויג ניט! סע טויג ניט!

**אַן אַנדער מיידל:**

לאָמיר גאָר איבערלאָזן דעם שניי־מענטש און אַריינ־גיין אין שול אַריין!

**ערשטער אינגל:**

יאַ, אין שול אַריין! אין שול אַריין!

**אַלע:**

אין שול אַריין! אין שול אַריין!

(אַ חברה קינדער לויפן אַריין מיט ליאַרעם. עטלאַכע שפּרינגען אויף די בענק און אַ פּאָר לויפן צו דער פּיאַנע. עפענען דאָס דעקל און הויבן אָן צו טאַראַבאַנעווען אויף די קלאַזווישן).





**אַלע:**

הערט אויף! הערט אויף!

**די שפּילער:**

מיר שפּילן דאָך!

**עטלאַכע:**

שפּילן רופט איר דאָס?

---

(פייגעלע קומט אַרויס).

**פייגעלע:**

איך וועל שפּילן.

**די קינדער באַ דער פּיאַנע:**
(אויפגערעגט)

דו קאָנסט בעסער?

**אַלע:**

זי קאָן בעסער! פייגעלע קאָן בעסער!
(די קינדער פאַרלאָזן האַלב ברוגזע די פּיאַנע און פייגעלע הויבט אָן שפּילן אַ טרויעריקע מעלאָדיע. אַלע ווערן שטיל און הערן זיך אַ רגע איין).

איינגעוויגט און איינגעשלאָפן
ווי אַ יונגער צווילינג
אָטעמט שטיל דער ברוינער זומער
באַ דער זייט פון פרילינג.

---

**איינער:**

אַ, ס'איז צו טרויעריק!

אַלע :

יאָ. טרויעריק ! צו טרויעריק ! מיר ווילן נישט זיין טרויעריק !

פייגעלע :

(אויפהערנדיק שפּילן)

נו, וועל איך אייך שפּילן אַ מאַרש.

אַלע :

יאָ, אַ מאַרש ! אַ מאַרש !

איינער :

דעם פרייהייטס־מאַרש !

אַלע :

דעם פרייהייטס־מאַרש ! פרייהייטס־מאַרש !

איינער :

און מיר וועלן מאַרשירן !

אַלע :

(באַגייסטערט)

מאַרשירן ! מאַרשירן ! מאַרשירן !

---

(אַלע שטעלן זיך אויס צו איינציקווייז אין אַ לאַנגע שורה, פייגעלע הויבט אָן שפּילן און אַלע מאַרשירן זינגענדיק :)

בלויז היינט איז די וועלט נאָך
אַ גרויע, אַ פאַראומערטע
און מאָרגן אַ פרייע,
אַ העלע, באַזומערטע.

בלויז היינט איז אין תפיסה
דער מענטש אַ פאַריגלטער
און מאָרגן, אַ אָדלער
אַ פרייער באַפליגלטער.

דער אָדלער אין לופטן
די פליגל, צעשפּרייטנדיק
און מיר ווי די אָדלערס
פון קלאַנגען באַגלייטנדיק.

העי קינדער אין פאָראויס
אין רייען מאַרשירנדיק,
פון איינעם צו צווייען
פון צווייען זיך פירנדיק.

דער אָדלער באַפליגלט
און מיר דאָך באַאָרעמטע —
אַ יאָג אין פאָראויס זיך —
די וועלט אַ צעשטורעמטע.

דער טויער פון תפיסה
אויף ברייט זיך צעפּראַלנדיק,
דער מענטש אַ באַפרייטער,
איז לאַכנדיק, שאַלנדיק.

העי קינדער אין פאָראויס
אין רייען, זיך דרייענדיק —
פון פירן צו אַכטן —
צוזאַמען זיך פרייענדיק.

(מאַרשירנדיק טיילן זיי זיך אויס פון איינעם צו צווייען, פון צווייען צו פירן, דערנאָך צו אַכטן און דאַן ווי־ דער צו איינעם אין אַ שורה ביז פייגעלע הערט אויף צו שפּילן.)

אלע:

הורא! הורא! הא! הא!

איינער:

אַ, דאָס איז געווען אַ מאַרש. שוין איינמאָל אַ מאַרש.

ערשטער אינגל:

נו איצט זאָלן די מיידלאַך טאַנצן.

אַלע:

יאַ טאַנצן! טאַנצן!

אַ טענצערן:

די קאָסטיומען זיינען אין אַנדערן צימער.

צווייטער אינגל:

נו גייט און טוט זיך איבער!

אַלע:

טוט זיך איבער! טוט זיך איבער!

(די טענצערינס גייען אַפּ)

ערשטער אינגל:

און דערווייל וועט אונדז הערשעלע דערציילן אַ מעשה.

אַלע:

יאַ אַ מעשה! אַ מעשה!



הערשעלע:

נו גוט. אַז איר ווילט וועל איך אייך דערציילן. אַבער איר מוזט זיין שטיל און ניט איבערשלאָגן.

(די קינדער זעצן זיך אויס אין אַ האַלבן קרייז און הערשעלע שטעלט זיך אַוועק אין אַ פּאָזע פון אַ לערער און ער הויבט אָן.)

דער ריז ירוחם מאַפּאַשע איז געלעגן אויפ'ן שפּיץ פונ'ם באַרג און זיך געוואָרעמט אַנטקעגן דער זון. אַ צווייג פון אַ דערבייאיקן בוים האָט אים געקיצלט אין אויער, וואָס האָט אים געמאַכט פילן אי גוט, אי שלע־פעריק. פּלוצלונג איז געקומען אַ פליג און זיך אַ זעץ געטאָן אים אויפ'ן נאָז. דער ריז האָט אויפגעהויבן זיין מעכטיגע האַנט און אַזאַ זעץ געגעבן זיך איבער'ן נאָז, אַז זי איז אים אויפגעלאָפן נאָך העכער פון דעם באַרג אויף וועלכן ער איז געלעגן.

ערשטער אינגל:

גיי, גיי, עס איז אַן אויסגעטראַכטע מעשה!

אַלע:

שלאָג אים ניט איבער!

הערשעלע:

דער ריז האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין נאָז און...

ערשטער אינגל:

ווי אַזוי האָט דער ריז געקאָנט זען זיין נאָז, ווען זי איז געווען גרעסער פון אַ באַרג?

אַלע:

שלאָג אים ניט איבער!

איינער:

די טענצעריננס קומען! די טענצעריננס!

(אַלע צולויפן זיך אויף די פּלעצער און די טענצעריננס קומען אַריין און הויבן אָן טאַנצן.)

איינס און צוויי
איינס און צוויי
איינס און צוויי איז דריי.
זון באַהעלט
אונזער וועלט —
לעבן איז כדאי.

זום-זום-זום?
זום-זום-זום?
פרעגט בײַ מיר אַ פליג.
טראַ-לאַ-לאַ,
טראַ-לאַ-לאַ,
ענטפער איך צוריק.

איינס און צוויי
איינס און צוויי
צוויי און צוויי איז פיר.
ווינטל-בלאָז
אויפ'ן גראָז
בלאָזט עס אויך אויף מיר.

טרי-לי-לי,
טרי-לי-לי,
זינגט אַ וואַסער-פאַל.





בליאַסקעט, בלענדט,
גליט און ברענט
איבער אים אַ שטראַל.

דריי און פיר,
דריי און פיר,
פיר און פיר איז אַכט.
אויפ'ן קאַרג
פון אַ באַרג
האָט זיך ווער צעלאַכט.

כאַ-כאַ-כאַ!
כאַ-כאַ-כאַ!
ווער זשע לאַכט עס דאָרט?
כאַ-כאַ-כאַ!
כאַ-כאַ-כאַ!
מער דאָך ניט קיין וואָרט.

פיר און פינף,
פיר און פינף,
פינף און פינף איז צען.
קלינג-קלאַנג, קלינגט
פויגל זינגט,
ווייזט מיר, וואָס ער קען.

פויגל פליט
טייכל ציט
איך צי אויך מיט זיי
איינס און איינס
איינס און איינס
איינס און איינס איז צוויי.

אײנער:

דער טאַנץ איז געווען פײן, אָבער גיטעלע (אָנווײזנ־דיק אויף אַ מײדעלע) איז ניט געגאַנגען אין טראַט אינם מאַרש.

גיטעלע:

(באַליידיקט)

ס'אַ ליגן! כ'בין יאָ!

אײנער:

נו, ווײז, ווי אַזוי ביסטו געגאַנגען?

(אַלע שטעלן זיך אויס אין אַ קרײז און גיטעלע הויבט אָן ווײזן, ווי אַזוי זי איז געגאַנגען):

העי קינדער אין פאָראויס
אין רײען מאַרשירנדיק.
פון אײנעם צו צווײען,
פון צווײען זיך פירנדיק.

אַלע:

זי קאָן ניט! זי קאָן ניט!

(גיטעלע פאַרשעמט זיך און לויפט אַרויס אַ וויינענדיקע אין אַן אַנדער צימער. אַלע לויפן איר נאָך. בלויז פײגעלע בלײבט זיצן בײַ דער פּיאַנע און שטילערהייט הויבט זי אָן צו שפּילן די זעלבע מרויעריקע מעלאָדיע, וואָס זי האָט אָנגעהויבן שפּילן צום אָנהויב און וואָס די קינדער האָבן איר ניט גע־לאָזן דערענדיקן).

אײנגעוויגט און אײנגעשלאָפן,
ווי אַ יונגער שײנער צווילינג
אָטעמט שטיל דער ברוינער זומער
בײַ דער זייט פון בלאָנדן פרילינג.

ווי אַ שומר, וואַכט דער ווינטער
איבער זײער וויגל —
ווײסע פלאַטערדיקע פײגל
פאָכן מיט די פליגל.

פאַלן פעדערלאַך אין לופטן
פּוכקינקע און ווײסע
און דער פראָסט — אַ קנאַקנדיקער
לײענט זײ אַ מעשה.

מעשה, מעשה, מעשה'לע —
פײגל, הינט און בערן
איך וואָלט אויך דאָס מעשה'לע
איצטער וועלן הערן.

זומער — פרילינג, שײנער-צווילינג
כ'וואָלט מיט אײך זיך לעגן;
האָט צו אײך דער בײזער ווינטער
מיר פאַרשטעלט די וועגן.

(אין דער צייט, ווען זי שפּילט און זינגט קומט אַרײַן גיטעלע אײנע אַליין. שטעלט זיך אַוועק לעבן פײגעלן און הערט זיך אײַן).

גיטעלע:

פײגעלע! פײגעלע!

פײגעלע:

וואָס איז גיטעלע?

גיטעלע:

יאָ, איך האָב געקאָנט?

**פייגעלע:**

(מיט צערטלאַכקייט)

אודאי האָסטו געקאָנט! אודאי האָסטו געקאָנט!

**גיטעלע:**

פאַרוואָס־זשע זאָגן זיי, אַז ניין?

**פייגעלע:**

אוי נאַרעלע, נאַרעלע, זיי ווילן זיך רייצן מיט דיר.

**גיטעלע:**

זיי זיינען שלעכטע קינדער.

**פייגעלע:**

נו, נו, נעם זיך ניט צום האַרצן גיטעלע, אַט לאָמיר בעסער צוגיין צום פענסטער וועלן מיר זען, ווי די ווייסע פייגל שיטן זיך מיט שנייעלאַך. אַזעלכע פּוכקינקע און ווייסינקע שנייעלאַך.

**גיטעלע:**

אַ, דאָס זיינען ניט קיין פייגל. דאָס איז דער בייזער, קאַלטער ווינטער!

**פייגעלע:**

נו, וואָס זשע אַרט דיר, אַז דער ווינטער?

**גיטעלע:**

איך האָב אים פיינט — דעם שלעכטן ווינטער.

**פייגעלע:**

וואָרום?

**גיטעלע:**

ווייל ער האַלט געפאַנגען דעם פרילינג און דעם זומער.





(פון הינטער די קוליסן הערט זיך אַ גערויש פון שווערע טריט און אַ קלאַפּן פון אַ שטעקן. עס קומט אַריין אַ באַפליגלטע פיגור מיט אַ פרייען, זאָרגלאָזן פּנים פון אַ מענטשן אין קליידער פון אַ וואַנדערער מיט אַ שטעקן אין האַנט און אַ פּעקל אויף די פּלייצעס).

אַ לויטערער הימל
און ברייט איז דאָס פעלד,
די וועלט אַזאַ פרייע,
קיין צאַם ניט פאַרשטעלט.

דאָס ווערעמל פּויזעט
און זוכט פאַר זיך שפּייז,
דער אָדלער אין לופטן
זיך קרייזט אין אַ קרייז.

דער וואָרעם, דער אָדלער
און יעדער זיין וועג,
און מיר, ווי זייביידע
אין זעלבן געיעג.

די ערד פאַר די חיות
פאַר פיש איז דער טייך,
פאַר טויב און פאַר אָדלער
דער הימל צוגלייך.

און מיר, וואָס מיר ווייסן
פון אַלצדינג די קונין,
די ערד און דער הימל
און אַלצדינג פאַר אונז.

(די גאַנצע צייט, וואָס דער באַפרייטער זינגט קוקן די צוויי קינדער אויף אים מיט האַלב־דערשראָקענע און נייגערי־קע אויגן).

פייגעלע :

וועך ביסטו, פרעמדער ?

גיטעלע :

און וואָס טוסטו דאָ ?

דער באַפרייטער :

אָ, קינדערלאַך, מיידעלאַך, איר ווייסט ניט ווער איך בין ? נו, האָב איך דעם כבוד זיך פאָרצושטעלן (פאַר־נייגט זיך פאַר די קינדער) איך בין דער באַפרייטער. פאַר־בייגעגאַנגען די געגנט, האָט צו מיר דערגרייכט דאָס ליד פון אייער בענקשאַפט נאָך מיר, בין איך געקומען. אָבער דאָס ליד איז געקומען פון אַ סך קינדערשע קול'עכלאַך און וואו־זשע זיינען די איבעריקע ?

ביידע קינדער :

מיר פאַרשטייען דיך ניט.

דער באַפרייטער :

עך קינדערלאַך, איר פאַרשטייט מיך ניט ? נו, וואָס־זשע איז דאָ דאָ צו פאַרשטיין ?

(קוקט אויף די קינדער אַ רגע מיט אַנטציקונג און הויבט אָן טאַנצן אויפ'ן זעלבן שטייגער, ווי די קינדער אין אָנהויב פון זייער מאַרש) :

דער טויער פון תפיסה
אויף ברייט זיך צעפראַלנדיק —
דער מענטש אַ באַפרייטער
איז לאַכנדיק, שאַלנדיק.



כאָ ! כאָ ! כאָ ! נו, איר פאַרשטייט נאָך אַלץ ניט ?

ביידע קינדער :

(מיט גרויס פאַרוואונדערונג)

אָ !

פייגעלע :

נו, וואָס־זשע טוסטו דאָ ?

דער באַפרייטער :

איך בין געקומען אייך ווייזן ווי איך זע אויס.

גיטעלע :

און דערנאָך ?

דער באַפרייטער :

דערנאָך וועל איך זיך ווידער לאָזן אין דער ברייטער וועלט אַריין. אַ באַפליגלטער ווי אַן אָדלער (צעשפּרייט די פליגל און ווייזט ווי אַזוי) וועל איך שוועבן און יעדער איינער, וואָס וועט מיך דערזען און יעדער איינער, וואָס וועט מיך דערפילן וועט אויך ווערן באַפרייט, אַזוי ווי איך.

גיטעלע :

און דעם פרילינג מיט דעם זומער וועסטו אויך פאַר־ביישוועבן ?

דער באַפרייטער :

נו, אודאי.

גיטעלע :

נו, וועלן זיי זיך אויך באַפרייען ?

דער באַפרייטער :

זיינען דען זיי געפאַנגען ?

בײדע קינדער:

אודאי געפאנגען! אודאי געפאנגען!

דער באַפרײטער:

בא וועמען!

גיטעלע:

באַם ווינטער! באַם בײזן שלעכטן ווינטער!

דער באַפרײטער:

אַ. קינדערלאַך טײערינקע, אַ, מײדעלאַך זיסינקע, — װער האָט אײַך אײַנגעטראָכט אַזאַ בלבול אויפ׳ן גוטן װינ־טער? אַך! אַך! אַך! װאָס מענטשן קאָנען אויסטראַכטן. דער װינטער אַ בײזער? דער װינטער אַ שלעכטער? ניט אמת קינדערלאַך. דער װינטער איז אַ גוטער.

בײדע קינדער:

אַ גוטער.

דער באַפרײטער:

אודאי אַ גוטער! אודאי אַ גוטער!

גיטעלע:

טאַ פאַרװאָס־זשע האָט ער דעם פרילינג געפאַנגען? ער איז דאָך נאָך אַזאַ יונגער דער פרילינג. און אַ בלאָנ־דער איז ער!

דער באַפרײטער:

נאַ! נאַ! נאַ! אודאי אַ יונגער! אודאי אַ בלאָנ־דער אָבער דער װינטער האָט אים ניט געפאַנגען.

פײגעלע:

נאָר װאָס דען טוט ער מיט אים?



דער באַפרײטער:

ער היט אים אָפּ, אַז קײנער זאָל ניט שטערן זײן שלאָף. װאָס זשע איר װײסט עס גאָרניט? עך, קינדער־לאַך, קינדערלאַך. איר זײנט דאָך נאָך גאָר קלײנע קינ־דערלאַך. דער װינטער מיט׳ן פרילינג זײנען גאָר ליבלאַכע קרובים און אױך אַזױ איז אױך דער זומער און דער האַרבסט מיט זײ.

גיטעלע:

טאַ פאַרװאָס־זשע, אַז אײנער קומט, טרײבט ער דעם אַנדערן אַװעק?

דער באַפרײטער:

נײן גיטעלע, זײ טרײבן זיך ניט אײנס דאָס אַנדערע אַװעק, נאָר זײ בײטן זיך.

פײגעלע:

אָבער זײ זײנען אַזעלכע אַנדערע.

דער באַפרײטער:

יאָ, אַנדערע זײנען זײ און אַנדעריש קוקט אױס די װעלט, װען יעדער אײנער פון זײ שטעלט אַן אױף איר זײנע אױגן. דער פרילינג איז נאָך גאָר אַ יונגינקער און אַ בלאָנדער איז ער און אַז ער טוט אַ קוק אױף דער װעלט מיט זײנע בלױע אױגן װערט אַלץ אַזױ קינדעריש גרין. — און אַז ער װערט מיד נעמט אים איבער דער זומער — ער איז אַן אָפּגעברענטער פון דער זון און אַ קרעפּטיקער איז ער. אױף װאָס זײנע אױגן טוען אַ פאַל װערט עס קרעפטיק און פול מיט זאַפט. אַנדעריש איז מיט׳ן האַרבסט — ער איז דער פאַטער צװישן זײ. אַ גאָלדענער און אַזאַ

פאַרבענקטער דרייט ער זיך אַרום און יעדער איינער, וואָס דערפילט נאָר זיין אַנקומען הויבט אָן צו בענקען נאָך ווייטקייטן, און ווען ער ווערט מיד פון בענקעניש און פאַר־לאָזט די וועלט קומט אָן דער ווינטער — דער אַלטער, גוטער זיידע ווינטער מיט זיינע מחנות ווייסע פייגל, וואָס שיטן מיט ווייסינקע, פוכקינקע פעדערלאַך. און מעשה'לאַך האָט ער ליב צו דערציילן, אַזעלכע שיינענקע מעשה'לאַך.

פייגעלע:

מעשה'לאַך?

גיטעלע:

טאָ פאַרוואָס־זשע איז ער אַזאַ קאַלטער און אַזאַ שטעכעדיקער?

דער באַפרייטער:

אַ קאַלטער און אַ שטעכעדיקער? עך, גיטעלע, דו ביסט נאָך גאָר אַ קליין מיידעלע, אַז דו רעדסט אַזוי. אָט גיב אַ קוק דורכ'ן פענצטער וועט איר זען, ווי רויט און פאַרפלאַמט עס זיינען די בעקעלאַך פון די קינדער, וואָס לויפן אַרום איבער די גאַסן. (גייט צו צום פענסטער און קוקט אַרויס) אָט, אָט, קומט אַהער, וועט איר זען, ווי פריילאַך זיי זיינען. אַך! ווי עס פליען עס די שניי־קוילן פון זייערע הענטעלאַך. כאַ! כאַ! כאַ! און אַ שניי־מענטש מאַכן זיי. פונקט ווי איך האָב אַמאָל געמאַכט. אָבער פונקט אַזוי ווי מיינער! עס זאָל עס פעלן אַ האָר.

פייגעלע און גיטעלע:

(קוקנדיק דורכ'ן פענסטער)

טאַקע, פונקט אַזעלכע מענטשן פלעגסטו מאַכן?



דער באַפרייטער

דער באַפרייטער :

יאָ. פּונקט אַזעלכע און אַמאָל אַביסעלע אַנדערש. אַ.
איך געדענק עס אַזוי ווי עס וואָלט אַט ערשט געווען.

בײַנאַכט האָט געשטורעמט דער ווינט
מיט רוישיקן קרעכצנדן צאָרן
און איצטער איז ליכטיק און שטיל —
די וועלט איז אַ ווייסע געוואָרן.

ערשט נעכטן — די ביימער און סאָד,
ווי הילצן, ווי נאַקעטע שטעקנס
און היינט אינ'ם בלענדנדן שניי,
ווי כלות פאַרפּוצט צום באַדעקנס.

ערשט נעכטן — דער קלויסטער, די שול—
די אייביק פאַרביטערטע שונאים,
און היינט אינ'ם זעלביקן שניי
זיך אויסגעפּוצט ווי מחותנים.

און איך האָב פון פּוכיקן שניי
אַ מענטש ווי אַ ריז זיך באַשאַפן —
צוויי הענט אויסגעשפּרייט אין דער ברייט,
אַ מויל אין אַ נאָז, אויש צום גאַפן.

אַט שטייט ער אינמיטן דעם סאָד
אין מויל אַ ציגאַר פון אַ היטל —
אַ נאַקעטער אין אַזאַ פּראַכט
זיין קאָפּ אין אַ היטל.



ווי קאָן מען אַ אידשן שניי-מענטש
אַזוי אָן אַ היטל דאָ לאָזן.
צעבייזערן קאָן זיך נאָך גאָט
און באַלד מיט אַ שטורעם צעלאָזן.

בליז-בלאָז! . . . און דעם בלענדנדן שניי
דער היינט וועט שוין ערגיין פאַרטרייבן —
עס וועלן דער קלויסטער, די שול
אויף אייביק זיך שונאים פאַרבלייבן.

בליז-בלאָז! . . . און בו-הו! . . . ווי בײַנאַכט
מיט רוישיקן, קרעכצנדן צאָרן
און אין אַזאַ שטורעם דער שניי-מענטש
פאַרפאַלן, פאַרלאָרן.

פייגעלע :

נו, וואָס-זשע האָט איר גענומען אַ היטל ?

דער באַפרייטער :

איך האָב אַרויסגענומען דעם טאַטנס אַן אַלט-היטל
און עס אים אַנגעטאָן.

ביידע קינדער :

כאַ! כאַ! כאַ! דעם טאַטנס היטל!

דער באַפרייטער :

יאָ, דעם טאַטנס היטל.

גיטעלע :

און וואו וואווינט דער ווינטער ?

דער באַפרייטער:

ווייט פון דאַנען וואוינט ער. זייער ווייט. אבער איך בין דאָרט געווען א סך מאָל און איך ווייס יעדעס שטעגעלע, וואס פירט צו זיין פּאַלאַץ.

ביידע קינדער:

(באַגײַסטערט)

טאקע? נו עפּעס א שיינער פּאַלאַץ?

דער באַפרייטער:

זייער א שיינער, קינדערלאַך, זייער א שיינער.

ביידע קינדער:

אוי, דערציילט אונז וועגן אים.

דער באַפרייטער:

ניט, קינדערלאַך. איך וועל אייך דערציילן, נאָר זעצט זיך אויס אַט אַזוי לעבן מיר און איך וועל דערציילן:

(ביידע קינדער זעצן זיך לעבן אים און ער הויבט אָן דערציילן:)

זיבן, גרויסע ווייסע,<br>
פלאַטערדיקע הענער<br>
האַלטן אין די שנאַבלעך<br>
זיבן ווייסע פענער.

נעמען זיי אין ליפּטן<br>
פלאַטערן אין ווייטן,<br>
מיינט עס, אַז דער קיניג<br>
האָט באַפוילן: שנייען!

נעמען ווייסע פייגל<br>
פעדערלאַך צעשיטן<br>
און דער ווינט א טענצל<br>
כאַפּט אינמיטן.

און דער גרויסער טיטול:<br>
קאַלטער קיניג-ווינטער<br>
איז א כשר׳ער,<br>
א פאַרדינטער.

אַלע פרעסט און ווינטן<br>
זיינען אונטערטעניק<br>
צו דעם מעכטיק-שטאַרקן<br>
ווינטער-קיניג.

בלויז אויף זיינעם<br>
א באַפעל,<br>
קומען אַלע<br>
בליציק שנעל.

פרעסטל גלי!<br>
פרעסטל ברען,<br>
ווייזט עס גלייך,<br>
וואָס עס קען.



מיט א ווינטיק<br>
ווײ און בלאָז,<br>
שטערט עס, שניידט עס<br>
שאַרף, ווי גלאָז.

און דאָס ווייסע
לייכטע שנייען
הויבט זיך בליציק
אָן צו דרייען.

ווי אַ ווילדער
קאַראַהאָד
אויף דעם קיניג׳ס
שטום געבאָט.

און אַ טורעם
פון קרישטאָל
וואַרפט מיט שטראַלן
איבער באַרג און טאָל.

אַז דער קיניג
זאָל דאָס שנייען
פון זיין פּאַלאַץ
קאָנען זען.

זיצט ער טאַקע
אויף זיין טראָן
און זיין אייז־פּעלץ
אָנגעטאָן.

און זיין בליק
ניט אָפּצערייסן
פונ׳ם שניי —
דעם בלענדענט־ווייסן.



און ער לאַכט
און קוועלט און קוועלט
פון דער גרויסער,
ווייסער וועלט.

בײדע קינדער:
(פאַרטראַכט)
און ער לאַכט און קוועלט און קוועלט.
(דורכ׳ן פענסטער באַווייזט זיך דער קעניג־ווינטער אַ פאַרשנייטער מיט אַ לאַכנדיקן פנים. די קינדער בלייבן זיצן מיט ברייט צעעפנטע אויגן).



ווינטער:
כי, כי, כי.
(עס קומען אַריין די שנייעלאַך און טאַנצן.)

ווינטן צעבלאָזן זיך,
ווינטן צע׳כעס׳ן זיך —
גאַסן און געסעלאַך
פוכקיק צעווייסן זיך.

שנייעלאַך־פעדערלאַך
שיטן זיך, שיטן זיך —
אינגעלאַך, מיידעלאַך
דרייען אינמיטן זיך.

שנייעלאַך־דימענטלאַך,
שנייעלאַך־גלעזעלאַך —

אינגעלאַך, מיידעלאַך,
לייכט, ווי די בלעזעלאַך.

גליטשן זיך, שליטלען זיך,
וואַרפן זיך קיילאַכלאַך —
שרייען און ליאַרעמען
קינדערשע מיילאַכלאַך.



ווינטן צע'כעס'ן זיך,
ווינטן צעבלאָזן זיך —
שנייעלאַך יאָגן זיך,
שנייעלאַך בלאָזן זיך.

בייסן זיי, שטעכן זיי,
קאַלט אַזש סכנה'דיק —
מיטיק-צייט זונעדיק,
אָוונט לבנה'דיק.

פיף-פוף-פאַף! פיף-פוף-פאַף!
דרייענדיק, טאַנצנדיק –
זוניק-לבנה'דיק
בלענדנדיק, גלאַנצנדיק.

יאָגן זיי, קומען זיי,
גלאַנצן זיי, פאַלנדיק —



הויפנס מיט דימענטלאַך
בלענדנדיק, שטראַלנדיק.

הויפנס מיט דימענטלאַך,
הויפנס בריליאַנטעלאַך
פאַלן אויף קינדערשע
היטעלאַך, מאַנטעלאַך.

זינגענדיק, שפרינגענדיק
קינדערלאַך פרייען זיך —
פוכקיקע שנייעלאַך
פאַלנדיק דרייען זיך.

טראַלאַלאַ! טראַלאַלאַ!
שנייעלאַך, שנייעלאַך —
ווייסינקע פלאַטערלאַך,
ערשט פון די אייעלאַך.

פלאַטערן, פלאַטערן,
יאָגן זיי, ווייען זיי.
פאַלנדיק, ווייענדיק
גייען, פאַרגייען זיי.

(פאַרהאַנג)

# אין פארלאג מתנות בא דעם שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט

זענען איצט ארוים פון דרוק :

1) דער בער — — — — — — — — פרץ הירשביין
(געצייכנט פון ברוך ארנסאָן)

2) דער קאמיליאָן — — — — — — — פרץ הירשביין
(געצייכנט פון אהרן גודלמאָן)

3) פארבלאָנדזשעט — — — — — יעקב קרעפּליאַק
(געצייכנט פון אהרן גודלמאָן)

4) משיח'ם קרוין — — — — — — יעקב קרעפּליאַק
(געצייכנט פון אהרן גודלמאָן)

5) מוראשקעס — — — — — — — ה. גאָלדבלום
(געצייכנט פון אַהרן גודלמאָן)

6) אין בלומען לאַנד (אָפּערעטע) — נ. קאפּלאָן
(מוזיק פון י. דייוווידסאָן)

7) דער באַפרייטער (אָפּערעטע) — — ז. וויינפּער
(מוזיק פון נ. זאַסלאַווסקי)
(געצייכנט פון י. קאַפּלער)

אַלע ביכלאַך זענען פון גרויסן פאָרמאַט, רייך אילוסטרירט און שיין ארויסגעגעבן.

עס ווערן פאַרפערטיקט צום דרוק און וועלן אין גיכן דערשיינען פאָלגנדיקע ביכער פאַר קינדער :

אינגעלע-רינגעלע — — — — — — — לעאָן עלבע
250 זייטן גרויסער פאָרמאַט
(אילוסטרירט פון אהרן גודלמאָן)

כאַוועך-פאַוועך — ערשטע זאַמלונג דערציילונגען
(אילוסטרירט פון אהרן גודלמאָן)



צו באַקומען בא דעם
„קינדער זשורנאַל“
1387 וואשינגטאָן עוועניו, בראָנקס, נ. י.

הויפּט פאַרקויף בא
MAX MAISEL
426 Grand Street, New York, N. Y.